
אידישער
פאלקס
ארנאמענט

# אידישער פאלקס-
# -ארנאמענט

צוזאמענגעשטעלט פון ש. יודאווין און מ. מאלקין.



ערשטע העפט.

לינאליעאום גראווירן געשניצט
פון קינסטלער
מ. מאלקין און ש. יודאווין.

ארויסגעגעבן פון דער וויטעבסקער י. ל. פרץ געזעלשאפט צום אנדיינקען פון
ירחמיאל ראדינסאן.

וויטעבסק, 1920.



קיין איין פאלק האט ניט געלעבט אַזוי אונמאַטעריעל, האט אַזוי פיל ב
אידישע. קיין איין רעליגיע האט ניט געשטערט אַזוי דער אַנטוויקלונג פון ד
און דארום אוז די געשיכטע אין די פאָרמען פון דער אידישער קונסט פיל
פּאַלקער. דער „לא תעשה לך כל פסל"—האט געלייגט דעם הויפט שטעמפּל א
די אידישע קונסט האט שוין געמוזט זיין אַ דעקאראַטיווע, די רעליגיע האט
ניט צו איליוסטרירן. די מאָלערייען אין די שולן אין פנקסים, מזרחים, שביצונ
קודשן, זיינען ריין דעקאָראַטיוו. זיי דינען אַלס אַ בעפּוצונג. די שול האָט ניט
פאר די בילדער, זיי זיינען געווען דאס פרייע פאַנטאַזיע פון קינסטלער, וועל
אַ וועלטליכן, איידער אַ רעליגיעזן אינהאַלט. צום ביישפּיל די מאָלעריי אין
בעשטייט פון „12 מזלות", פארשידענע פייגלען, שלאַנגען, חיות, שטעט, בוימ
בענדיק קיין מעגליכקייט צו מאָלן מענשליכע געשטאַלטן, האָט דער קינס
מענשליכע אין חיות און עופות. דאָס זיינען ניט קיין חיות, נור סימוואָלן פון
שטיין, זייערע באַוועגונגען זיינען ריין מענשליכע. פילע דערמאָנען אַייך חסיד
פאר מאָלן דעם מענשליכן געשטאַלט איז פאָרגעקומען אַ שטענדיקע "מלחמה
דער קינסטלער פלעגט מאָלן, נור מען פלעגט זיי אַראָפּרייבן, ווי מיר זעהן א
י. ה. וועלכער געפינט זיך אין אידישן מוזיי אין פעטערבורג. די ערשטע
מיר אין אַ הגדה, געמאָלטע פון האַנט. שפּעטער אין געדרוקטע הגדות, ווי ד
די מכות א. א. וו. שפּעטער אין ווייבערשע טייטש-חומשים, אין חומשים, אוי
נאָך שפּעטער זעהען מיר שוין בילדער פון רבנים. דער רבי, דער צדיק, א.
די בילדער איז אַזוי דורכזיכטיק ווי דער גאַנצער אונמאַטעריעלער אידישער

די אידישע פאָלקס קונסט האט אַ חוץ איר גרויסן קינסטלערישן ווער
אַלס היסטאָרישע דאקומענטן, וואָס שפּיגלען אָפּ דעם גייסטיגן צושטאַנד פו
עטליכע הונדערט יאָר.

# אידישער פאלקס-

# -ארנאמענט

צוזאמענגעשטעלט פון ש. יודאווין און מ. מאלקין.



ערשטע העפט.

לינאליעאום גראווירן געשניצט
פון קינסטלער
מ. מאלקין און ש. יודאווין.

ארויסגעגעבן פון דער וויטעבסקער י. ל. פרץ געזעלשאפט צום אנדיינקען פון
ירחמיאל ראדינסאן.

וויטעבסק, 1920.

## אינהאלט:



קיין איין פאלק האט ניט געלעבט אַזוי אונמאַטעריעל, האט אַזוי פיל ניט געוואנדעלט, ווי דאס אידישע. קיין איין רעליגיע האט ניט געשטערט אַזוי דער אַנטוויקלונג פון דער קונסט, ווי די אידישע, און דארום אוז די געשיכטע אין די פאָרמען פון דער אידישער קונסט פיל אַנדערס ווי בײַ אַנדערע פעלקער. דער „לא תעשה לך כל פסל״—האט געלייגט דעם הויפט שטעמפל אויף דער פארם פון שאפן. די אידישע קונסט האט שוין געמוזט זיין אַ דעקאראַטיווע, די רעליגיע האָט ערלויבט צו באפוצן, נור ניט צו איליוסטרירן. די מאָלערייען אין די שולן אין פנקסים, מזרחים, שניצונגען, אויף מצבות, אָרון-קודשן, זיינען ריין דעקאָראַטיוו. זיי דינען אַלס אַ בעפוצונג. די שול האָט ניט געגעבן קיינע אויפגאַבן פאר די בילדער, זיי זיינען געווען דאס פרייע פאַנטאַזיע פון קינסטלער, וועלכער האָט געשאַפן גיכער אַ וועלטליכן, איידער אַ רעליגיעזן אינהאַלט. צום ביישפיל די מאָלעריי אין מאָהליוער שול, וועלכע בעשטייט פון „12 מזלות“, פארשידענע פייגלען, שלאַנגען, חיות, שטעט, בוימער א. א. וו. ניט האָבענדיק קיין מעגליכקייט צו מאָלן מענשליכע געשטאַלטן, האָט דער קינסטלער אַריינגעטראָגן דאָס מענשליכע אין חיות און עופות. דאָס זיינען ניט קיין חיות, נור סימוואָלן פון אידישן לעבן. זייער אַרט שטיין, זייערע באַוועגונגען זיינען ריין מענשליכע. פילע דערמאָנען אייך חסידישע מעשיות פון גלגולים. פאַר מאָלן דעם מענשליכן געשטאַלט איז פאָרגעקומען אַ שטענדיקע ‚מלחמה צווישן קינסטלער און שול. דער קינסטלער פלעגט מאָלן, נור מען פלעגט זיי אַראָפּרייבן, ווי מיר זעהן אין אַ הגדה פון פיערצענטן י. ה., וועלכער געפינט זיך אין אידישן מוזיי אין פעטערבורג. די ערשטע מענשליכע פיגורן טרעפען מיר אין אַ הגדה, געמאָלטע פון האַנט. שפעטער אין געדרוקטע הגדות, ווי די פיר זין פסח צום סדר, די׳ מכות א. א. וו. שפעטער אין וויבערשע טייטש-חומשים, אין חומשים, אויפ׳ן שער, משה און אַהרון. נאָך שפעטער זעהען מיר שוין בילדער פון רבנים. דער רבי, דער צדיק, א. א. וו. דער אינהאַלט פון די בילדער איז אַזוי דורכזיכטיק ווי דער גאַנצער אונמאַטעריעלער אידישער לעבן.

די אידישע פאָלקס קונסט האט אַ חוץ איר גרויסן קינסטלערישן ווערט, אויך אַ גרויסן ווערט אַלס היסטאָרישע דאקומענטן, וואָס שפיגלען אָפּ דעם גייסטיגן צושטאַנד פון פאָלק פאר די לעצטע עטליכע הונדערט יאָר.

ש. יודאווין.

דער אַלבאם איז ארויסגעגעבן צום אנדיינקען פון פארשטארבענעם גרינדער פון דער וויטעבסקער י. ל. פרץ געזעלשאפט ה. ירחמיאל ראדינסאן.

ה. ראדינסאן האט געהערט צו יענע שטילע, פון דערווייטן ניט קאנטיגע טוער, וועלכע שאַפן מיט זייער גרענצלאזער איבערגעגעבנקייט און ליבע, אנהויפהערליכער מיה און אנשטריינגונג דעם געזונטן שטראם פון יעדער מאסן-באוועגונג.

פון זיין פריהער יוגענד אן האט ה. ראדינסאן זיך איבערגעגעבן דער נייער אידישער קולטור-באוועגונג. אומעטום, וואו ער געפינט זיך נאר, איז ער אין דער הייפעלע קולטור-טוער און איז דער איבערגעבנסטער ארבייטער.

די לעצטע 2 יאר האט ה. ראדינסאן זיך אבגעגעבן דער וויטעבסקער פרץ-געזעלשאפט, וועלכע ער האט מיט נאך אייניגע חברים געגרינדעט. פאר דער געזעלשאפט, וועלכע האט ניט געהאט קיין שום שטיצע ניט פון אונזער אינטעליגענץ, ניט פון פארטייען, ניט קיין מאטעריעלע שטיצע פון ערגיץ, איז ה. ראדינסאן געווען אלץ. ער שטעלט אויף די ביבליאטעק, דאן די איינציגע אידישע אין שטאט, ארגאניזירט א ביכער-קיאסק אָיונדן-לעקציען, אנאויסשטעלונג, ארגאניזירט א מוזיקאלישע גרופע, איבער-זעצענדיג פאר זיי לידער פון אַנר. שפראכן; ער טראגט אויך אויף זיך דעם שווערן יאך פין אלטעגליכן לעבן פון געזעלשאפט, וועלכע שטרעבענדיג צו גרעסערע צוועקן, האט קיין שום שטיצע ניט און וויל דאך און איז דאך צוגיינגליך פאר די ברייטסטע מאסן.

און די שווערע ארבייט טראגט ראדינסאן פריוויליג, מיט פארגעניגן, ניט נור ניט זוכנדיג קיין כבוד, נאר פארקערט פוז כבוד אנטלויפענדיג. מיט זיין זעלטן הארציגער, חברישער נאטור פאראיינט ער די חברים פון געז. אין א אינטימען קרייז און מאכט די געז. נאך שטארקער און פעסטער.

צו 28 יאר אלט איז ראדינסאן געשטארבן.

זיין לעצטער אופטו איז געווען דער אַלבאם, וואס ווערט איצט, שוין נאך זיין טויט ארויסגעגעבן, זאל זשע דער אַלבאם, צוגלייך מיט די שטילע, אומבאקאנטע פאָלקס-קינסטלער, ווענענס ווערק מיר גיבן דא, דערמאנען אויך אן דעם הארציגן, יונגען און באשיירענעם ה' ראדינסאן, וועמעס גאנצער לעבן איז געווען אַ דורשטיגער שטרעבן צו שאַפן שיינעס און נוצליכעס פאר די אידישע פאָלקס-מאסן, פאר דער נייער אידישער פאלקס-קולטור.

---

# פון ארויסגעבער.

אונזער אַלבאם איז דער ערשטער אין דער איד. ליטעראטור, און דערפאר האלט אונז ניט אָפּ זיין באשיידענער אויסערליכער אויסזעהן.

אונזער אויפגאבע איז ניט נאר ווייזן, וואס פאר אַ קונסט-רייכטום עס געפינט זיך אין פאלק. נאר אויך דערמאנען אינזערע קילטור-טוער און אלע פריינד פון דער אידישער קולטור בכלל אויף דער וויכטיגער ארבייט, מיט וועלכער מיר מוזן זיך היילן, ווארים, אויב מיר וועלן יעצט ניט צוגויפקלייבן אונזערע פאלקס-קונסט שאפונגען, וועלן מיר אפשר גאר אין אַ קורצער צייט ארום גיט האבן וואס צו זאמלען.




№ 3.

